# ארבייטער רינג
# קינדער
# ביבליאטעק

צענטראלע יידישע ביבליאטעק
אין פרעסע ארכיוו

## קארל מארקס

פון י. ב. ביילין

ארויסגעגעבן פון בילדונגס דעפארטמענט
ארבייטער רינג

VOL. I. NO. 4

ארבייטער רינג
קינדער ביבליאטעק

# קארל מארקס

פון י. ב. ביילין



ארויסגעגעבן פון
ארבייטער רינג
בילדונגס דעפארטמענט

# קאַרל מאַרקס

זעלטן וואו, געפינט זיך איצט אין ערגעץ אַ דענקנדיקער מענטש אויף דער וועלט, וואָס זאָל ניט האָבן געהערט דעם נאָמען פון קאַרל מאַרקס. ביי אַלע באַוואוסטזיניקע אַרבעטער אין דער וועלט איז זיין נאָמען הייליק און טייער. ווען סאָציאַליסטישע אַרבעטער פירער זיינען ניט קלאָר אין אַ געוויסער פראַגע — צו וועמען גייט מען זיך נאָכפרעגן ווענן דעם? — צו מאַרקס'ן. כאָטש עס זיינען שוין אַריבער איבער פיר צענדליק יאָר ווי ער איז געשטאָרבן, פון דעמסטוועגן, גייט מען נאָך אַלץ צו אים פרעגן אַן עצה. עס פאַרשטייט זיך — ניט צו אים אַליין, נאָר צו זיינע ביכער. אין זיי האָט דער גרויסער לערער אַריינגעלייגט דאָס וויסן פון לאַנגע דורות. אין זיי ליגט דער שליסל צו פיל קעמערלאַך פון דער איצטיקער אָרדענונג. עס איז איצט ניטאָ קיין איין סאָציאַליסטישער שרייבער, וואָס זאָל ניט האָבן געטרונקען פון מאַרקס'ס קוואַל. און ניט נאָר סאָציאַליסטישע שרייבער: אפילו די פילאָזאָפן און געלערנטע, וואָס שטייען נאָך שטאַל און אייזן פאַר דער איצטיקער אָרדענונג, זיינען אויך געווען געצוואונגען צו לערנען און צו זוכן אין די שריפטן פון דעם גרויסן געלערנטן.

אָבער אין דער צייט, וואָס ביי די אַרבעטער איז זיין נאָמען באַרימט און פאַרהייליקט, ווערט ער ביי די רייכע קלאַסן פאַרשאָלטן און פאַרהאַסט. זיי באַטראַכטן אים פאַר דעם בייזן גייסט, וואָס האָט אָנגעצונדן אַ פלאַקער פייער צווישן די קאַפּיטאַליסטן און אַרבעטער. זיי מיינען, אַז ווען ניט מאַרקס, וואָלטן זיך די אַרבעטער צופרידנגעשטעלט מיט דעם לעבן אַזוי ווי עס איז. דאָס איז אָבער ניט אמת. מאַרקס האָט נאָר געפּרואווט צו דערקלערן די אורזאַכן פאַרוואָס עס קומט אויס די אַרבעטער צו פירן אַ קאַמף אַנטקעגן זייערע אונטערדריקער. מאַרקס האָט אויך דערוויזן, אַז די איצטיקע אָרדענונג קען ניט פאַרבלייבן אַזוי ווי זי איז און אַז זי וועט מיט דער צייט פאַרביטן ווערן אויף אַ בעסערע, אויף אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג. און פּונקט אַזוי ווי אַמעריקע האָט אין דער אמת'ן עקזיסטירט נאָך איידער קאָלאָמבוס האָט איר געפונען, אַזוי האָט אויך דער קאַמף צווישן די אונטערדריקטע קלאַסן מיט זייערע אונטערדריקער, עקזיסטירט נאָך לאַנג, לאַנג צוריק, איידער

מארקס האט אים אויסגעפונען און אויף דעם אויפגעבויט די פונדאמענטן פון דעם סאציאליסטישן אידעאל.

עס איז ניט אזוי גרינג צו געפינען נאך אזא מענטש אין דער מענטשלאכער געשיכטע, וואס זאל האבן אויפגעהויבן פאר זיינע אידייען און קעגן זיינע אידייען — א גאנצע וועלט. ווער איז געווען אט דער קארל מארקס? ווי אזוי האט ער זיך דערצויגן? און וואס פאר א סארט לעבן האט ער דאס געפירט? אין וואס איז באשטאנען זיין גרויסקייט? מיט דעם ווילן מיר זיך באקענען אין די קומענדיקע קאפיטלען.

## זיין יוגנט

קארל מארקס איז געבארן געווארן דעם 5טן מאי אין דעם יאר 1818 אין דער שטאט טרעוועס (טריער). זיין פאטער, היינריך מארקס, — איז געווען אן אדוואקאט און האט געשטאמט פון אן אלטער אידיש-רבנ'ישער פאמיליע, וואס האט זיך נאך מיט הונדערטער יארן צוריק באזעצט אין דייטשלאנד. ער איז געווען א געלערנטער מאן, אבער קענטיק, אז ער האט געהאט א קנאפע אידישע דערציאונג. זיין פרוי, קארל'ס מוטער, הענריעטא, האט אפגעשטאמט פון אונגארישע רבנים. זי האט געהאט א ווייכע, גוטהארציקע נאטור און איז געווען באקאנט אין שטאט צווישן די אריסטאקראטישע אידישע פרויען. היינריך מארקס אבער האט זיך קנאפ וואס געמישט אין אידישע זאכן. אלס אדוואקאט האט ער געהאט א סך צו טאן מיט אידישע געשעפטסלייט, א גרויסע צאל פון זיי פראצענטניקעס און מעקלערס. היינריך מארקס איז געווען אן ארענטלאכער מענטש און האט ניט געקענט פארטראגן די שווינדלען און פאלשקייטן, וואס ער האט באמערקט ביי א טייל אידישע געשעפטסלייט. אים האט פארדראסן דאס, וואס זיי זיינען אלץ פארנומען מיט דער יאגעניש נאך פארדינסטן און האבן ניט קיין פארלאנג פאר-שענערע זאכן אין דעם לעבן. אים האט זיך געדוכט אז אזוי זיינען אלע אידן. די אנדערע אידן, וואס ער האט געקענט, די געלערנטע, דאקטוירים און חברים אדוואקאטן, האבן זיך ארומגעטראגן מיט זיי געדאנקען אויסצומישן זיך מיט די דייטשן, ניט וועלנדיק ליידן אומזיסט און אומנישט.

און עס איז דעמאלט געווען א ביטערע צייט פאר אידן אין דעם פרייסישן רהיין-געגנט. דאס לאנד איז ניט לאנג צוריק פארלאזן געווארן פון דעם פראנצויזישן מיליטער. די אידן זיינען שוין געווארן צוגעוואוינט צו דעם

פרייערן גייסט, וואָס די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט דאָרט פאַרשפּרייט. זיי זיינען שוין צוגעוואוינט געוואָרן, אַז מ'זאָל אויף זיי קוקן גלייך ווי אויף אַלע מענטשן. אַזוי גיך אָבער, ווי די פּרייסן זיינען צוריק געוואָרן באַלע־באַטים אין דעם געגנט, זיינען ביסלאַכווייז אָפּגעשאַפט געוואָרן די פרייערע געזעצן און מען האָט צוריק אָנגעהויבן צו קוקן אויף אידן ווי אויף אַ שלעכט און פאַרשאָלטן פאָלק. אַ סך אידן האָט מען גענומען אָפּזאָגן פון רעגירונגס־שטעלעס, וואָס זיי האָבן פאַרנומען אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער הערשאַפט. די געבילדעטע אידן האָבן דאָס ניט געקענט פאַרטראָגן. זיי האָבן זיך געפילט, אַז זיי טיילן זיך ווייניק וואָס אָפּ פון די אַנדערע דייטשן. דייטש איז געווען זייער שפּראַך. מיט דער אידישער קולטור האָבן זיי קיין פאַרבינדונג ניט געהאַט. זיי האָבן אַפילו זייערע נעמען פאַרענדערט אַזוי, אַז זיי זאָלן קלינגען ווי דייטש־שע נעמען. היינריך מאַרקס'ס פאַמיליען נאָ־מען איז פריער געווען מרדכי, האָט ער דערפון געמאַכט מאַרקס. אַזוי האָבן אויך אַ סך אַנדערע געבילדעטע אידן געטאָן. זייער איינציקער פאַרלאַנג איז געווען, אַז מען זאָל קוקן אויף זיי ווי אויף דייטשן. ניט גלויבנדיק אַליין אין דער אידישער רעליגיע, האָבן זיי געטראַכט, אַז זיי וועלן ניט באַגיין קיין שום פאַרברעכן, ווען זיי וועלן זיך פאַר אַלעמען אין די אויגן פון דעם אָפּזאָגן, כדי קיינער זאָל ניט צווייפלען, אַז זיי זיינען אמת'ע דייטשן.

דאָס איז געווען אַ צייט, ווען האַנדל און פאַבריקאַציע האָבן זיך גענומען שנעל אַנטוויקלען. מענטשן זיינען געוואָרן רייך. ביי יעדער זאַך האָט מען זיך גענומען רעכענען צי עס לוינט זיך דאָס געשעפט, צי ניט און אַ סך פון די געבילדעטע אידן פון יענער צייט האָבן זיך באַרעכנט, אַז עס לוינט זיי פּשוט ניט צו פאַרבלייבן אידן, — אַז עס לוינט זיך בעסער אַנצונעמען די קריסטלאַכע רעליגיע, כדי אויסצומיידן פאַרפאָלגונגען. בעסער צו ווערן מיט אַלעמען גלייך, כדי צו האָבן די מעגלאַכקייט גלייך מיט אַלעמען צו געניסן פון דעם לעבן. אַזוי האָבן אַ סך פון די געבילדעטע אידן אין יענער צייט גערעכנט און אַזוי האָט אויך גערעכנט היינריך מאַרקס. בשעת קאַרל, זיין זון, איז אַלט געווען אַרום 6 יאָר, האָט זיך היינריך מאַרקס און זיין גאַנצע פאַמיליע גע'שמד'ט. אמת, אַזאַ האַנדלונג רופט אַרויס אין אונזער צייט פאַר־אַכטונג און עקל, אַפילו ביי די פרייזיניקסטע אידן. אָבער אין יענער צייט האָט דאָס אויסגעקוקט ווי אַ גאַנץ געוויינלאַכע און פאַרשטענדלאַכע זאַך.

פון אַלע קינדער, וואָס היינריך מאַרקס האָט געהאַט, האָט זיך אויס־געצייכנט זיין זון, קאַרל. אַ שיין, שלאַנק אינגל, מיט אַ פּאָר שוואַרצע פייער־

דיקע אויגן און מיט א געזונט, טונקל געזיכט. אין שול האט מען אים געקענט פאר איינעם פון די בעסטע שילער. ער איז געגאנגען פון קלאס צו קלאס אן אן אפשטעל. עטלאכע מאל איז אים אפילו געלונגען איבערצוהיפן א קלאס. זיינע לערער און אלע, וואס האבן אים געקענט, האבן זיך געבענטשט מיט אים. פלעגט קארל ברוגז ווערן מיט א אינגל, האט ער זיך מיט אים גוט אפגערעכנט — ניט מיט פעטש און קולאקעס, נאר מיט א שארף און בייסנדיק לידל, וואס ער האט גלייך וועגן אים אנגעשריבן. זיינע חברים אין קלאס האבן דערפאר מורא געהאט מיט אים זיך צו פארטשעפען. איז ער אמאל אין כעס געווארן אויף א לערער, האט ער אים אויך אפגעצאלט מיט א פעפערדיק לידל. דאס ליד איז גלייך פארשפרייט געווארן צווישן אלע קינדער און מען האט דאס געזונגען אויף טיש און אויף בענק.

עס איז דעריבער ניט קיין וואונדער, וואס זיינע עלטערן האבן שטאלצירט מיט אים און אים ליבער געהאט פון אלע אנדערע קינדער. זיין פאטער האט זיך ליב געהאט אויסצו׳טענה׳ן מיט אים גאר ווי מיט א גרויסן מענטשן. ער פלעגט מיט אים שמועסן וועגן פאעזיע, פילאזאפיע און אנדערע זאכן און האט זיך צו אים באצויגן ווי צו א חבר.

קארל האט אנגעהאלטן זיין נאמען אלס אויסגעצייכנטער שילער אויך אין גימנאזיע. ער האט זייער פלייסיק געלערנט גריכיש און לאטיין און זיינע איבערזעצונגען, וואס ער האט געמאכט פון די שפראכן, האבן אים פארשאפט פיל כבוד.

אין יענער צייט האט ער זיך באקאנט מיט זיין שוועסטערס א חבר׳טע. ביידע, זיין שוועסטער און איר חבר׳טע, זיינען געווען עלטער פאר אים. זיין שוועסטער׳ס חבר׳טע, זשעני, האט געשטאמט פון א הויכער אריסטאקראטישער פאמיליע. איר פאטער איז געווען א פרייסישער באאמטער, באראן לודוויג פאן וועסטפאלען. ער איז ארויסגעקומען פון זיין מוטער׳ס צד פון שאטלענדישע פרינצן. אליין איז ער געווען זייער גוט באפריינדעט מיט היינריך מארקס און אן אפטער אריינגייער אין זיין שטוב. דער באראן האט אויך ליב געהאט מארקס׳ס קינדער און ספעציעל קארל׳ען. ער האט ליב געהאט מיט אים צו לייענען די פאעטישע שריפטן פון לעסינג און געטע. ער האט אים אויך באקאנט מיט דער ענגלישער און שפאנישער פאעזיע. דאס האט טאקע געווירקט אויף קארל׳ן, אז ער זאל אזוי פרי אנהייבן צו שרייבן זיינע לידער. מעגלאך, אז זיין ליבשאפט צו די אלטע שפראכן איז אויך צו פארדאנקען דעם באראן פאן וועסטפאלען.

זשעני, דעם באַראָנ׳ס טאָכטער ,איז געווען אַ ליב און שיין מיידל און אַז זי פלעגט גיין שפּאַצירן מיט קאַרל׳ן אין גאַס, האָבן שכנים געטייט מיט די פינגער און געדעדט צווישן זיך: אָט גייט אַ שיין פּאָרל. קאַרל האָט זיך ווייניק געשפּילט מיט אינגלאַך. ער האָט כמעט זיין גאַנצע פרייע צייט פאַרבראַכט מיט זיין שוועסטער סאָפיע און מיט איר חבר׳טע זשעני. די אינגלאַך פלעגן זיך דערפאַר מיט אים רייצן און אים שטענדיק אויפוואַרפן די חרפּה, וואָס ער שפּילט זיך מיט מיידלאַך. קאַרל איז זיי אויך ניט געבליבן שולדיק. ער פלעגט זיי אָפּטאָן פאַרשידענע שטיקלאַך. ער האָט שטענדיק געהאַט אַ סך קלוגע קונציקע איינפאַלן פאַר אַזעלכע זאַכן. און אַז די פאַר־שידענע שפּיצלאַך האָבן שוין מער ניט געהאָלפן, האָט ער זיך מיט זיי, ווי פריער, אָפּגערעכנט מיט זיינע שאַרפע לידער.

קאַרל האָט געענדיקט גימנאַזיע מיט די בעסטע אויסצייכענונגען. ער האָט פאַרוואונדערט זיינע לערער מיט דעם ענטפער, וואָס ער האָט געגעבן אויף דער פראַגע, וועלכע מ׳האָט געשטעלט אַלע שילער: — „וואָס פאַר אַ פּראָפעסיע רעכנסטו זיך אויסצוקלייבן?״ קאַרל האָט לאַנג ניט געקלערט און געענטפערט: „קיינער האָט ניט קיין מעגלאַכקייט אויסצוקלייבן זיך די פּראָפעסיע, וואָס ער אַליין וואָלט געוואָלט. דאָס לעבן אין דער איצטיקער געזעלשאַפט האָט שוין פאַרויס באַשטימט פאַר יעדן זיין ראָלע און אַרבעט אין דער געזעלשאַפט.״ עס גלויבט זיך קוים, אַז קאַרל מאַרקס איז אין גאַנצן אַלט געווען 16 יאָר, ווען ער האָט דאָס געזאָגט. עס גלויבט זיך אויך קוים, אַז אַזאַ אינגל זאָל האָבן דעמאָלט געקענט, כמעט אויף אויסווייניק, די שריפטן פון דאַנטע, סערוואַנטעס, שעקספּיר, לייבניץ, לעסינג און געטע.

זיין פאָטער האָט אָנגעהויבן צו זאָרגן זיך וועגן אַ תכלית פאַר זיין געראָטענעם זון. אים האָט זיך זייער געוואָלט, אַז זיין קאַרל זאָל ווערן אַ גרויסער שטאַטסמאַן אָדער ווייניקסטנס אַ באַרימטער אַדוואָקאַט. קאַרל האָט דערפון אין אָנהייב ניט געוואָלט הערן. מ׳האָט אים גאָר געצויגן צו גע־שיכטע און פילאָזאָפיע. זיין פאָטער אָבער האָט זיך איינגעשפּאַרט און קאַרל, ניט וועלנדיק אים פאַרשאַפן קיין האַרצווייטאָג, האָט אים נאָכגעגעבן. ער איז אָנגעקומען אין דעם באָנער אוניווערסיטעט, וואו ער האָט אָנגעהויבן שטודירן יוריספּרודענץ. זיין פאָטער האָט געגלויבט, אַז אויך אין דער אוני־ווערסיטעט וועט קאַרל זיך אַרויסווייזן אין זיין גאַנצן גלאַנץ.

קאַרל׳ן איז אָבער ניט אַזוי גוט געגאַנגען אין אוניווערסיטעט. ער האָט פאַרנאַכלעסיקט זיינע לעקציעס, האָט זיך געפּלאָנטערט ביי די עקזאַ־

מענס, געלאפן עטלאכע מאל אחיים קיין טריער (מען דארף ניט פארגעסן, אז אין יענער צייט זיינען נאך געווען די אייזנבאנען ווייניק וואס אנטוויקלט. עס איז אויסגעקומען צו פארן מיט פערד און א רייזע פון באן קיין טריער האט געדויערט היבשע עטלאכע טעג.). זיין פאטער און זיינע פריינט זיינען געווען פארצווייפלט. זיי האבן ניט געוואוסט, וואס איז דאס געווארן מיט זייער קארל'ן. אבער קארל האט גאנץ גוט געוואוסט, פארוואס עס איז אים אזוי שווער צו לערנען און פארוואס עס ציט אים כסדר צוריק קיין טריער. ער האט דאך דארט געלאזן, אויסער זיינע עלטערן, וועמען ער האט ליב געהאט אזוי ווי זיין לעבן, אויך זשעני'ן, דאס מיידל, וואס ער האט ניט ווייניקער ליב געהאט און וועמען ער האט נאך מער געבענקט. ער מיט זשעני'ן האבן שוין אפגעמאכט מיט א צייט פריער, אז זיי זאלן בלייבן פריינט אויפ'ן גאנצן לעבן. זיי האבן זיך געגעבן אין דער שטיל דאס ווארט, אז זיי וועלן חתונה האבן. אמת, קארל האט אין אנהויב מורא געהאט, אז איר פאטער, דער באראן, וועט דערצו ניט צושטימען. נאך מער, ער האט אפילו ניט געוואלט, אז זיין אייגענער פאטער זאל זיך דערוויסן, אז ער טראגט זיך שוין ארום מיט אזעלכע געדאנקען. אבער פון זיינע עלטערן האט ער לאנג ניט געקענט באהאלטן דעם סוד. דער אלטער מארקס האט אים גע-פרובירט בארואיקן און אנווייזן, אז עס איז נאך צו פרי פאר אים צו טראכטן וועגן אזעלכע זאכן. אבער דער יונגער, שטורעמדיקער קארל האט זיך בשום אופן ניט געקענט בארואיקן.

ער האט אבער דאך גע'פועל'ט ביים פאטער איין זאך: ער זאל אים ערלויבן פארן קיין בערלין. קארל'ן האט געצויגן קיין בערלין, ניט נאר דער-פאר, ווייל דארט איז געווען דער צענטער פון דעם פרייסישן לעבן, נאר אויך דערפאר, וואס אלע גרעסטע גייסטער פון דייטשלאנד אין יענער צייט זיינען געווען אין די בערלינער אוניווערסיטעטן. דער גייסט פון דעם בא-רימטן פילאזאף העגעל האט נאך געשוועבט צווישן די יונגע סטודענטן אין בערלין.

קארל האט זיך אריינגעווארפן מיט זיין גאנצער ענערגיע אין זיין שטודיום. זיינע אויפטואונגען אין בערלין זיינען געווען פרוכטבארער ווי דעם ערשטן יאר אין באן. דער יונגער מארקס האט שוין דעמאלט ארויסגעוויזן אלע סימנים פון פלייסיקייט און אייזערנעם געדולד מיט וועלכע ער האט זיך אזוי אויסגעצייכנט אין די שפעטערדיקע יארן, ווען זיין נאמען האט שוין געקלונגען איבער דער וועלט. אייניקע פון זיינע פראפעסארן זיינען געווארן

זיינע פערזענלאכע פריינט. אזעלכע באריסטע געלערנטע, ווי דער פראפעסאר ברונא באוער און רודאלף ערבערכט האבן גלייך דערקענט, אז זיי האבן דא צו טאן נישט מיט קיין געוויינלאכן סטודענט, וואס זוכט צו מאכן א קאריערע, נאר מיט א דארשטיקן און אויפריכטיקן זוכער פון דעם אמת. מיט דעם שטודיום פון יוריספרודענץ אין דעם אוניווערסיטעט האט ער זיך קנאפ וואס אפגעגעבן. אמת, ער פלעגט זעלטן באזוכן רעגולער די לעקציעס, אבער דערפאר האט ער געארבעט לאנגע שעה׳ן אין זיין וואוינונג. הויפטזאכלאך האט ער זיך אפגעגעבן מיט געשיכטע און פילאזאפיע.

ביסלאכווייז האבן זיך ביי אים אנגעהויבן פארמירן די רעוואלוציאנערע געדאנקען, וועלכע ער האט אין עטלאכע יאר ארום אויסגעדריקט אין זיין בוך, „דער קאמוניסטישער מאניפעסט". אין זיינע לידער, וואס ער האט געשיקט פון צייט צו צייט צום פאטער, צו זשעני׳ן און צו דעם באראן, האט ער שוין געריסן שטיקער פון די טראדיציעס און איינרעדענישן פון דעם באלעבאטישן קלאס. אן אנדערער אויף זיין ארט וואלט זיך גע׳חנפ׳עט צום באראן און זיך באמיט צוצופאסן צו זיינע ריטערליכע טראדיציעס, כדי ער זאל זיך קענען איינקויפן אין יחוס, אבער אונזער קארל האט גאר אפגעשפאט פון אט די אלע זאכן. אזא נאטור האט ער שוין געהאט. ער האט זיך נישט געקענט מאסקירן. האט ער עפעס באטראכט פאר אן אמת, האט ער דאס אום׳ברחמנות׳דיק ארויסגעזאגט — אפן, אן מורא. ער האט זיך נישט געקענט צאמען, אדער רעדן אויף א דיפלאמאטישן אופן. דאס האט געבראכט דערצו, אז די צאל פון זיינע שונאים איז געווען נאך גרעסער פון דער באדייטענדער צאל פון זיינע פריינט.

זיין פאטער האט אים עטלאכע מאל געווארענט דורך בריוו, אז ער זאל זיך היטן נישט ארייננצופאלן מיט זיינע דרייסטע געדאנקען. ער האט אים כסדר דערמאנט, אז מ׳דארף זיין טריי צו דער מלוכה. דער אלטער מארקס, וואס איז שוין געווארן א פרייסישער באאמטער, א שלום-ריכטער, איז געווען א פרייסישער פאטריאט. אים האט זייער ווייט געטאן צו זען ווי זיין קארל לאכט אפ פון דעם באלעבאטישן פאטריאטיזם. מסתמא האט דאס אויך שלעכט געווירקט אויף דעם באראן לודוויג פאן וועסטפאלען, ווייל ער האט א לאנגע צייט נישט געגעבן זיין צושטימונג אויף דעם שידוך פון זיין טאכטער מיט קארל׳ן.

דער יונגער מארקס אבער האט זיך נישט אפגעזאגט פון זיין וועג, וואס ער האט פאר זיך אויסגעקליבן. פארקערט, ער האט זיך דוקא גענומען בא-

שעפּטיקן מער מיט גנזעלשאַפטלאַכע פראַגן. איט האָט זיך אויך זייער געוואָלט ווערן אַ פּאָעט. ער האָט אָנגעשריבן עטלאַכע ביכער לידער פון וועלכע מען קען נאָך איצט זען, אַז זיין האַרץ האָט געשטורעמט מיט אומרואיקייט און בענקשאַפט. מיר גיבן דאָ איבער איינס פון די לידער אין אַ פרייער איבערזעצונג:

כ'קען ניט רואיק טאָן קיין זאַך,
וואָס פאַרכאַפּט מיין זעל מיט פיבער.
כ'וועל אָן אָן אָטעם לויפן אויף מיין שליאַך
איבער שטיינער, בערג און גריבער.

ס'ווילט זיך מיר פון אַ ל ץ געניסן —
פון אַלע געטלאַכסטע פאַרלאַנגען,
טרינקען פון דעם קוואַל פון וויסן
און פון קונסטן און געזאַנגען.

לאָמיר וואַגן אַלץ און יעדן,
ניט גערוט קיין איין מינוט!
גאָלע גאָרניט איז דאָס רעדן;
וואויל איז דעם, וואָס שאַפט און טוט!

אַ שאַנד איז זיך צו אונטערגעבן,
אונטערוואַרפן זיך דעם יאָך!
קום אַנטקעגן, רויער לעבן,
מ ו ט און בענקשאַפט בלייבן דאָך!

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט מאַרקס ניט איין מאָל געמאַכט שפּאַס פון זיינע אייגענע לידער, וואָס ער האָט געשריבן אין די יונגע יאָרן. ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז דאָס איז ניט זיין פעלד פון שאַפן. ער האָט אָבער שטענדיק געהאַט אַ געפיל פאַר דער שיינער ליטעראַטור און ספּעציעל פאַר גוטע לידער. אַ גאַנצע רייע גרויסע פּאָעטן זיינען געווען זיינע פּערזענלאַכע פריינט. צווישן זיי, אַזעלכע, ווי געאָרג פאַן הערוועג, פרייליגראַט און היינריך היינע. מאַרקס האָט זייער ליב געהאַט היינע'ס שטורמישע נאַטור. איט איז געפעלן געוואָרן, וואָס היינע האַלט אין איין זוכן נייע וועגן און נייע אידעאַלן. היינע איז געווען אַן אָפטער אַריינגייער אין זיין הויז און ער פלעגט

זיך ניט איין מאָל בּאַראַטן מיט מאַרקס'ן וועגן פאַרשידענע אויסבּעסערונגען אין זיינע לידער.

דאָס וואָס מאַרקס האָט אין די יונגע יאָרן זיך אָפּגעגעבּן אַזוי פיל מיט דער שיינער ליטעראַטור האָט זיך שפּעטער אָפּגעשפּיגלט אין דעם סטיל פון זיינע גרעסערע פּאָליטישע ווערק.

## זיינע ערשטע רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען

ווען קאַרל מאַרקס האָט געענדיקט דעם בּערלינער אוניווערסיטעט, איז ער אין גאַנצן אַלט געווען 23 יאָר. זיין דאָקטאָר טיטל האָט ער בּאַקומען פאַר זיין פילאָזאָפישער אַרבּעט איבּער דעם אונטערשיד צווישן צוויי אַלטע גריכישע פילאָזאָפן: פון דעמאָקריט און עפּיקור. אים האָט זיך דעמאָלט זייער געוואָלט פאַרבּלייבּן אין דער אוניווערסיטעט אַלס פּראָפעסאָר. די צייט אָבּער איז ניט געווען גינסטיק דערצו. אין 1841 האָבּן זיך שוין גענומען טראָגן איבּער מיטל אייראָפּע נייע רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען. די רעגירונגען האָבּן זיך דערשראָקן און האָבּן זיך גענומען רייניקן די אוניווערסיטעטן פון רעוואָלוציאָנערע פּראָפעסאָרן. אויף אַזאַ אופן האָט די פּרייסישע רעגירונג בּאַזייטיקט מאַרקס'ס אַ גוטן פריינט, בּרונאָ בּאַוער, פון דעם אוניווערסיטעט. פאַר זיינע צו פרייע מיינונגען. דער יונגער מאַרקס האָט דערזען, אַז זיין פּלאַץ איז ניט דאָרט, וואו מען דריקט און שטיקט יעדעס פרייע וואָרט. ער האָט זיך דעריבּער געמוזט אָפּזאָגן פון דעם געדאַנק צו ווערן אַ פּראָפעסאָר און האָט זיך גענומען גרייטן צו זשורנאַליסטישער אַרבּעט.

גראָד האָט זיך אים געמאַכט אין גיכן דערצו אַ גוטע געלעגנהייט. אין דער רהיינישער געגנט איז דעמאָלט דערשינען אַ ראַדיקאַלע צייטונג, וואָס האָט אויפגערודערט דאָס לאַנד. אייניקע פון די, וואָס האָבּן זיך בּאַטייליקט אין דער צייטונג, זיינען געווען בּאַקאַנט פאַר אויסגעשפּראָכענע רעוואָלוציאָנערן. צווישן זיי איז אויך געווען מאַרקס'ס געטרייער חבר בּרונאָ בּאַוער, מאַקס שטירנער און משה העס. זיי האָבּן צוגערעדט דעם יונגן מאַרקס'ן מיטצואַרבּעטן אין דער צייטונג. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און אַלע האָבּן דערזען אין מאַרקס'ן איינעם פון די פעאיקסטע און אויסגעצייכנטסטע שרייבּער, וואָס די צייטונג האָט בּיז איצט געהאַט. מ'האָט זיך גלייך איבּערצייגט, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַן אייזערנעם קאָפּ און אַ וואָרימער, קעמפענדיקער נאַטור. ער האָט גענומען אַריינשיסן שאַרפע פיילן, איינע נאָך

דער אַנדערער, אין דער רעאַקציאָנערער פּרייסישער רעגירונג. אין פאַרלויף פון עטלעכע מאָנאַטן, איז ער געוואָרן דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער צייטונג און עס פאַרשטייט זיך, אַז פון דעמאָלט אָן זיינען זיינע אַטאַקעס אויף דער פינסטערער רעגירונג געוואָרן ביטערער און אָפטער. די רעגירונג האָט זיך געכאַפּט, אַז זי מוז עפּעס טאָן, כדי אָפּצושטעלן די אַטאַקעס. זי האָט עטלעכע מאָל געוואָרנט די אַרויסגעבער פון דער צייטונג, אַז זי וועט געצוואונגען זיין צו פאַרמאַכן איר, אויב זיי וועלן ניט ענדערן איר קורס. מאַרקס האָט אָבער אויף דעם געענטפערט מיט זיינע שאַרפסטע אַרטיקלען, אין וועלכע ער האָט דערוויזן, אַז די פּרייסישע רעגירונג פאַראומגליקט דאָס פאָלק און דערשטיקט דעם גייסט פון אירע בעסטע און פריסטע קינדער. די רעגירונג האָט גע־פּרובט אַרויסצוגעבן אַ נייע געזעץ וועגן דער פּרעסע, וואָס האָט אויסגעקוקט אויף דעם ערשטן בליק צו זיין אַ סך פרייער, ווי די פריערדיקע געזעצן. פיל האָבן זיך אָפּגענאַרט און געמיינט, אַז די פּרייסישע רעגירונג הייבט אָן צו ווערן ווייכער. דער יונגער מאַרקס אָבער, מיט זיין ווייטן אַדלער־בליק, האָט גלייך באַמערקט די נעגל פון דעם געזעץ, באַהאַלטן אונטער די דיקע קלאָען, און ער האָט אין אַ רייע אַרטיקלען אַראָפּגעריסן די מאַסקע פון דער רעגירונג. דאָס איז שוין געווען צופיל פאַר די דעמאָלטדיקע הערשער פון פּרייסן. זיי האָבן די „רהיינישע צייטונג" פאַרמאַכט, נאָך דעם, ווי מאַרקס איז געווען 6 מאָנאַטן צייט איר רעדאַקטאָר.

שוין אין יענער צייט האָט זיך קאַרל מאַרקס פאַנאַנדערגעקליבן אין „פּאַטריאָטיזם" — אַ וואָרט, וואָס ווערט אויך אָפט באַנוצט פון שווינדלער און פּראָפיטערער צוצודעקן זייער מיאוס'ע מעשים. אין דעם ערשטן נומער פון דער צייטונג, אין וועלכער ער האָט זיך באַטייליקט, שרייבט ער אין אַ פעליעטאָן:

„. . . צי דאַרף מען זיך אַזוי שטאַרק באַרימען מיט דעם, וואָס מיר נייען נאָך ווי בלינדע אונזערע אינסטינקטן און פאַרטיידיקן אונזערע גרעניצן פון דעם שונא'ס אָנפאַל? אפילו די ווילדע חיה פאַרטיידיקט דאָך אויך איר נאָרע!"

און ער פירט דערנאָך אויס: „דער אמת'ער פּאַטריאָטיזם באַשטייט אין דעם: צו פאַרטיידיקן און געווינען אין אונזער אייגן לאַנד אונזערע רעכט און פרייהייט. די געפאַר פאַר דעם שונא געפינט זיך אינווייניק. דער היינטי־קער פּאַטריאָטיזם איז דער גייסט, וואָס פירט אויף אַ פאַלשן וועג און דער־ווייטערט אונזערע געדאַנקען פון אמת און גערעכטיקייט. די אמת'ע ליבע

צו דייטשלאַנד באַשטייט אין באַקעמפן די שונאים פון אונזער פרייהייט און פון אונזער ערע. די פליכט פון אמת'ע פּאַטריאָטן איז אויפצודעקן מוטיק די אמת'ע שונאים און באַקעמפן זיי, ניט מורא האָבנדיק פאַר אונזער פאַר־מעגן אָדער לעבן."

מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן, אַז אין דער צייט, ווען דער יונגער מאַרקס האָט געוואַגט צו שרייבן אַזעלכע שורות, איז גאַנץ דייטשלאַנד געווען אַרומ־געכאַפּט פון אַ פּאַטריאָטישער משוגעת. פּרייסן און די איבעריקע דייטשישע לענדער (דייטשלאַנד איז נאָך דעמאָלט ניט געווען פאַראייניקט אין איין אימפּעריע) האָבן זיך נאָך ניט געהאָט אויסגעהיילט פון די וואונדן, וואָס זיי האָבן באַקומען אין די פראַנצויזישע מלחמות אין דער צייט פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן. דאָס וואָרט, פּאַטריאָטיזם איז ניט אַראָפּגעגאַנגען פון קיינעמ'ס ליפּן. איינער, וואָס האָט נאָר געוואַגט אָנצואווייזן, אַז אויך דייטשן האָבן שלעכטע געזעצן און פירונגען, איז באַטראַכט געוואָרן פון אַלע פּאַטריאָטן פאַר אַ פאַררעטער. און אין מיטן דעם, טרעט מאַרקס אַרויס, ווי אַ יונגער־לייב און זאָגט די אַלע פּאַטריאָטן וואָס ער טראַכט וועגן זיי. אָפטמאָל פּלעגט ער גאָר אַריינפאַלן אין פאַרצווייפלונג און דענקען, אַז גראַד די דייטשן, וואָס שטאָלצירן אַזוי פיל מיט זייער קולטור און ציוויליזאַציע, זיינען דאָס ערגסטע פאָלק אין אייראָפּע. ער זאָגט אין איין אָרט: „איך קען זיך ניט פאָרשטעלן אַ פאָלק, וואָס זאָל זיין מער צעריסן, ווי דאָס דייטשישע. דו זעסט פאַר זיך באַשעפענישן פון פאַרשידענע פּראָפעסיעס, אָבער ניט קיין מענטשן; דו זעסט פאַר זיך באַלעבאָטים און אַרבעטער, אָבער ניט קיין מענטשן." „. . . איך וואָלט וועלן זען אַ פאָלק, וואָס דערפילט זיין אייגענע שאַנד. אַ רעוואָלוציע רוף איך אָן דאָס, ווען אַלע הערצער שטורמען אויף און אַלע הענט הייבן זיך אויף צו פאַרטיידיקן דעם כבוד פון דעם פרייען מענטשן. אַזוי ווייט, אָבער, זעט עס ניט אויס, אַז די דייטשן זאָלן גיין."

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען די דייטשישע אַרבעטער האָבן זיך גע־נומען אָרגאַניזירן און אויפגעהויבן אַ קאַמף פאַר מער פרייהייט און פאַר אַ בעסער לעבן, האָט שוין מאַרקס געביטן זיין מיינונג וועגן די אויסזיכטן פון אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. ער האָט אָבער די דייטשן אַפילו אין זיינע לעצטע יאָרן באַטראַכט ווי אַ פאָלק, וואָס קאָן ניט אָנפירן קיין וועלט־רעוואָ־לוציע, נאָר וואָס וועט זיך נאָכשלעפּן נאָך איר עק. איבערהויפּט האָט מאַרקס פיינט געהאָט דעם דייטשן מיטל־קלאַס, די קרעמער און די סוחרים, פאַר זייער קליינלאַכקייט, צעפּוילטקייט און אומבאַהאָלפנקייט. זיין פיינטשאַפט

צו זיי האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט נאָך דער רעוואָלוציע אין 1848, ווען דער מיטל־קלאַס האָט זיך צוריקגעצויגן פון דעם שלאַכט־פעלד און פאַרראַטן די רעוואָלוציע.

## ווי מאַרקס האָט געקוקט אויף אידן

אין 1843 האָט מאַרקס ענדלאַך דערלעבט די צייט, אויף וועלכער ער האָט אַזוי לאַנג געוואַרט. ער האָט חתונה געהאַט מיט זיין געליבטער, זשעני פאָן וועסטפאַלען. ער האָט זיך געפילט גליקלאַך, וואָס ער וועט פון איצט אָן און ווייטער לעבן צוזאַמען מיט איר. די יונגע פרוי, זשעני מאַרקס, איז זייער שנעל געוואָרן איבערגעגעבן ניט נאָר איר מאַן, מאַרקס, נאָר אויך איר לערער, פון וועמען זי האָט אַזוי פיל געלערנט און וועמענס געדאַנקען זיינען ביסלאַכווייז אויך געוואָרן אירע געדאַנקען.

זשעני מאַרקס האָט אַרויסגעוויזן אין אירע שפּעטערדיקע האַנדלונגען, אַז זי איז ווערט צו זיין קאַרל מאַרקס'ס פרוי. אין אַלע ביטערע צייטן, וואָס קאַרל מאַרקס'ן איז אויסגעקומען צו האָבן אין זיין לעבן, איז זי געווען זיין חבר'טע, וואָס האָט אים דערמוטיקט און געטרייסט. זי האָט זיך קיין מאָל ניט באַקלאָגט אויף איר ביטער מזל. זי, וואָס האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין אַ רייכער אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע, האָט אָנגענומען פאַר ליב אַלע צרות, וואָס האָבן זיך אויסגעגאָסן אויף זיי. און צרות האָט מאַרקס געהאַט איבער גענוג, ווייל ער איז געווען דער קאָפּ און דער הארץ פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייטער באַוועגונג. נויט און הונגער, אָפטע קראַנקהייטן און דאָס לויפן פון איין לאַנד אין דעם אַנדערן, האָבן ניט געבראָכן איר מוט און איר שטאָלץ.

אין אָנהויב, גלייך נאָך זייער חתונה, האָט ניט אויסגעזען, אַז זיי וועלן שפּעטער אַזוי פיל ליידן. נאָך דעם, ווי זיי האָבן געמאַכט אַ קורצע חתונה־רייזע, האָבן זיי זיך באַזעצט אין פּאַריז. דאָרט האָבן זיי זיך אין גיכן באַקאַנט מיט אייניקע וויכטיקע עמיגראַנטן פון דייטשלאַנד, רוסלאַנד און איטאַליע. אין פּאַריז האָט זיך דאָס מאַרקס באַקאַנט מיט היינע'ן און באַקונינ'ען, דעם באַרימטן רוסישן אַנאַרכיסט, וואָס האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן גע־פירט אַזוי פיל שווערע מלחמות מיט מאַרקס'ן. ער האָט זיך אין גיכן באַקאַנט דאָרט אויך מיט דעם פראַנצויזישן אַנאַרכיסט, פּרודאָן און מיט דעם אוטאָ־פּיסט קאַבע. מאַרקס'ס הויז איז געוואָרן אַ צענטער פאַר דיסקוסיעס איבער ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלאַכע פראַגן. גאַנצע נעכט פלעגט ער אַפּזיצן

מיט זיינע פריינט און דיסקוטירן ערנסטע זאכן. אבער פון צייט צו צייט, ווען אימיצער פון דער גייסטרייכער קאמפאניע האט ארויסגעזאגט א קלוגן וויץ, האט מארקס זיך געקענט פאנאנדערלאכן אויף דעם קול און ווערן אין איין רגע, ווי א קינד.

אין דער זעלביקער צייט האט ער צוזאמען מיט רוגע'ן געגרינדעט דעם זשורנאל „דייטש־פראנצויזיש יאר־ביכער", פון וועלכן עס איז ארוים אין אנהויב 1844 נאר איין טאפל־באנד. עס איז אינטערעסאנט, אז איינער פון די ארטיקלען, וואס מארקס האט געשריבן, איז געווען וועגן דער אידן־פראגע. פראנץ מערינג, דער היסטאריקער פון דער דייטשישער סאציאל־דעמאקראטי־שער באוועגונג, האט פאררעכנט דאס ארטיקל פאר איינס פון די בעסטע און טיפזיניקסטע וואס קארל מארקס האט ווען עס איז אנגעשריבן. דאס זעלבע ארטיקל האט אויך א טייל מענטשן געמאכט דעם איינדרוק, אז קארל מארקס איז א אידן־פיינט, אן אנטיסעמיט. עס פארשטייט זיך, אז זיי האבן געהאט א טעות. מארקס, וואס האט געקעמפט פאר אלע אונטערדריקטע און שוואכע, האט לויט זיין נאטור ניט געקענט פארדאמען א שוואך פאלק, וואס צאפלט זיך אין נעץ פון פארשידענע אויסנאמס־געזעצן און גזרות. דאס ארטיקל איז געשריבן געווארן פיר יאר פאר דער דייטשישער רעוואלוציע, אין 1844. זייער פיל געזעצן און טראדיציעס פון מיטל־אלטער האבן נאך געהערשט אין זייער פולער קראפט. דער אלגעמיינער בליק אויף אידן איז נאך געווען, אז דאס איז א פאלק פון פראצענטניקעס, הויט־שינדער און ספעקולאנטן. באַ־גרעניצונגען פאר אידן האט געמיינט ביי א סך ליבעראלן און אפילו ראדיקאלן אין יענער צייט אין דייטשלאנד, באגרעניצונגען קעגן די, וועלכע בארויבן דאס פאלק. מארקס האט געקוקט אויף די רייכע אידן אין דייטשלאנד ניט ווי אויף אונטערדריקטע, נאר ווי אויף אונטערדריקער. ער האט געהאלטן, אין זיין גרויסער אומוויסנקייט אין אידישע זאכן, אז דער אידישער אידעאל איז געלט; אידישע רעליגיע — עגאאיזם און אידישע מאראל — נקמה. שלעכטע זאכן, וואס מארקס האט אויך באמערקט אין דער קאפיטאליסטישער ארדענונג. דאריבער איז ביי מארקס'ן אויסגעקומען, אז אידנטום און קאפי־טאליזם איז איינע און די זעלבע זאך. ער האט אזוי געקאנט דענקען, נאר בלויז דערפאר, וואס ער האט קיין אידישן ארבעטער קיין מאל אין די אויגן ניט אנגעזען. אין דייטשלאנד האבן כמעט אלע אידן געהערט צו דעם פאר־מעגלאכערן קלאס. אנדערע פון זיי זיינען אפילו געווען די גרעסטע באנקירן, וואס האבן געהאלטן אין האנט די פעדים פון דעם גאנצן עקאנאמישן לעבן.

מאַרקס האָט דעריבער גערעכנט, אַז דאָס אידנטום איז דאָס אומ־גליק, ניט נאָר פאַר דייטשלאַנד, נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט. אין דעם פאַל, איז ער זיך צוזאַמענגעקומען מיט דעם אויספיר פון די אַנטיסעמיטן. ווען מאַרקס וואָלט אָבער געלעבט נאָך אַ פופצן־צוואַנציק יאָר און וואָלט זיך דערוואוסט וועגן די גרויסע מאַסן פון אידישע ערד־ און פאַבריק־אַרבעטער; ווען ער וואָלט געזען די פאַרטרעטער פון די אידישע רעוואָלוציאָנערע אַר־בעטער אויף די סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן, וואָלט ער זיך געוויס אַליין גע־שעמט מיט זיין אַמאָליקער מיינונג וועגן די אידן.

מיר זעען פון דעם פאַל, אַז קיין גרויסער מענטש איז ניט פריי פון גע־וויסע פעלערן. אפילו אַזא געניאַלער און טיפער דענקער, ווי קאַרל מאַרקס, האָט אויך געקענט מאַכן שרעקלאַכע טעות׳ן. מעגלאַך, אַז דער איינדרוק, וואָס מאַרקס האָט באַקומען וועגן אידן אין דער אסימילירטער סביבה פון זיין פאָטער׳ס הויז, איז פאַרבליבן ביי אים אויף אַ לאַנגער צייט. עס איז אויך מעגלאַך, אַז אויף אים האָט געווירקט די מיינונג פון דעם פילאָזאָף, לודוויג פייערבאַך, פון וועמען מאַרקס האָט פיל געלערנט אין פילאָזאָפישע פראַגן. לודוויג פייערבאַך האָט געהאַט זייער אַ שלעכטע מיינונג וועגן אידן.

עס איז גאַנץ מעגלאַך, אַז אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט מאַרקס אַליין שוין אויך ניט געהאַלטן פון זיין מיינונג אין דער אידן־פראַגע. עס איז איבער־הויפּט וויכטיק צו באַמערקן, אַז קאַרל מאַרקס האָט ניט געהאַט קיין קלאָרן בליק איבער דער נאַציאָנאַלער פראַגע. קענטיק, אַז דעם געגנשטאַנד האָט ער באַטראַכט פאַר אַ ניט וויכטיקן און האָט זיך ניט באַמיט גענוי אויסצו־שטודירן אים ווי ער האָט דאָס געטאָן אין פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגן.

ווי מיר האָבן פריער געזען אין דעם פאַל מיט זיין בליק איבער דעם דייטשישן פאָלק, האָט מאַרקס געהאַט אַ נאַטור אַריינצוואַרפן אַ גאַנץ פאָלק, האַק־און־פּאַק, אין חרם. אַזוי האָט אויך מאַרקס געקוקט מיט שלעכטע אויגן אויף די רוסן און אויף די טשעכן, ווי אויף פעלקער, וואָס שטייען אין וועג פון דער רעוואָלוציע.

וואָס פאַר אַ שפּיצל די געשיכטע האָט דאָס אים אָפּגעטאָן דערפאַר, וואָס ער האָט אַזוי איבערפלעכלאַך שטודירט די נאַציאָנאַלע פראַגע! גראָד האָט דאָס רוסישע פאָלק דאָס ערשטע אין דער וועלט אויסגענאָסן מאַרקס׳ס סטאַטועס און פאַנאַנדערגעשטעלט זיי איבער אַלע וויכטיקע פאָלקס־פּלעצער אויף דעם אָרט פון די סטאַטועס פון די פאַרשוואונדענע מעכטיקע צאַרן. גראָד האָבן די טשעכן און די דייטשן שטאַרקערע אַרבעטער־באַוועגונגען,

איידער עס האָבן די פּראָנצויזן, וועלכע מאַרקס האָט באַטראַכט אַלס דאָס רעוואָלוציאָנערסטע פאָלק.

נאָך בײַ זײַן לעבן איז מאַרקס באַשטראָפט געוואָרן פאַר זײַן פאַלשער מיינונג איבער דער אידן־פראַגע. זײַנע שונאים, און אפילו אַ טייל פון זײַנע תלמידים, האָבן אָנגעוויזן, אַז אין „דאָס קאַפּיטאַל", דאָס וויכטיקסטע ווערק, וואָס מאַרקס האָט געשאַפן, קאָן מען דערקענען דעם אידישן גייסט. די שונאים זײַנע, די רעאַקציאָנערן און אַנטיסעמיטן, האָבן געזען אין דעם ווערק דעם אידישן צעשטערונגס־גייסט. פאַרקערט, אַ סך פון זײַנע תלמידים, האָבן געזען אין דעם זעלבן ווערק דעם גייסט פון די אידישע נביאים, וואָס האָט פאָראויסגעזאָגט די אָפּשאַפונג פון מלחמות צווישן קלאַסן און פעלקער.

## מאַרקס און ענגעלס

לאַנג האָט קאַרל מאַרקס אין פּאַריז ניט געקאָנט בלײַבן. אָבער נאָך איידער ס'איז אויסגעפאַלן אויף אים דער גורל ווידער צו וואַנדערן, האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אַ פּערזאָן, וואָס האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן זײַנע, געהאַט אַ גרויסע שייכות צו מאַרקס'ס לעבן און טעטיקייט. דאָס איז געווען פרידריך ענגעלס, אַ יונגער מאַן, דער זון פון אַ דײַטשישן פאַבריקאַנט, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ סך פאַבריקן אין ענגלאַנד. עס איז מערקווירדיק, אַז גלײַך צום ערשטן מאָל, ווי זיי האָבן זיך נאָר באַקאַנט, האָבן זיי געמאַכט איינער אויף דעם אַנדערן אַן אומפאַרגעסלאַכן איינדרוק. זיי זײַנען באַלד געוואָרן נאָענטע פרײַנט און אַזעלכע, וועגן וועלכע די געשיכטע האָט ווייניק בײַשפּילן. געוויינלאַך, טרעפט זיך צווישן באַרימטע מענטשן, אַז זיי זײַנען אַזוי פיל פאַרנומען מיט זיך און מיט זייער אַרבעט, אַז עס איז זיי שווער צוצובינדן זיך נאָענט, איינער צום אַנדערן. ווער רעדט נאָך, ווען זיי אַרבעטן אויף איינעם און דעם זעלביקן געביט. ענגעלס האָט זיך אויך שטאַרק באַשעפטיקט מיט עקאָנאָמישע פראַגן: אים איז אויסגעקומען צוצוקוקן זיך נעענטער צום לעבן פון די אַרבעטער אין זײַן פאָטער'ס פאַבריקן. ער פלעגט באַזוכן זייערע הייזער, געזען זייער אָרימקייט, געפילט זייער נויט און אומ־וויסנקייט און זיך וועגן דעם פאַרטראַכט. ער איז געקומען צום באַשלוס, אַז אין דעם איז ניט שולדיק דער אָדער יענער קאַפּיטאַליסט (זײַן פאָטער איז גראָד געווען אַ ווייך־האַרציקער מענטש), נאָר אין דעם איז שולדיק די גאַנצע אָרדענונג. זײַן באַגעגעניש מיט מאַרקס'ן האָט געבראַכט דערצו, אַז זײַנע

מיינונגען וועגן דער איצטיקער אָרדענונג, וואָס זיינען אַ לאַנגע צייט ביי אים אַליין געווען נים אין גאַנצן קלאָר, זאָלן זיך אויסקריסטאַליזירן.

פון דעמאָלט אָן זיינען זיי געשטאַנען אין נאָענטע פריינדשאַפטלאַכע באַציאונגען דאָס ג אַ נ צ ע לעבן. וואו מאַרקס זאָל נים האָבן געוואוינט, אין וועלכער מדינה ער זאָל נים האָבן פאַרוואָרפן געוואָרן, פלעגט ענגעלס צום אים קומען פון צייט צו צייט, פאַרשליסן זיך מיט אים אויף לאַנגע שעה׳ן, שפּינענדיק צוזאַמען די פעדים פון זייערע געדאַנקען. אויסער דעם, זיינען זיי געשטאַנען אין אַ שטענדיקער קאָרעספּאָנדענץ־פאַרבינדונג, אין וועלכער זיי האָבן זיך געטיילט נים נאָר מיט זייערע פערזענלאַכע נייעס, נאָר אויך מיט מיינונגען וועגן די פאַרשידענע פראַגן פון דער אַרבעטער באַוועגונג אין דער וועלט.

מיר ווייסן נאָר עטלאַכע פאַלן, וואו צוויי באַרימטע פערזענלאַכקייטן זאָלן שליסן אַ פריינדשאַפטס־בונד אויף לעבן און טויט. איינער פון זיי איז אין דער אידישער לעגענדע וועגן דער פריינטשאַפט צווישן דוד און יונתן.

אויף מאַרקס׳ס ערשט־באַרימט סאָציאַליסטיש ווערק, „דער קאָמוניסטי־שער מאַניפעסט", איז אויך אַרויפגעשטעלט דער נאָמען פון פרידריך ענגעלס. דעם גרעסטן טייל אַרבעט אין דעם בוך האָט אַריינגעלייגט מאַרקס. ענגעלס האָט אים זייער ווייניק אין דעם צוגעהאָלפן, אָבער מאַרקס האָט פאַרלאַנגט, אַז אויך ענגעלס׳ס נאָמען זאָל זיין אויף דעם בוך. אין דעם אַליין קאָן מען שוין זען, וואָס פאַר אַ סאָרט פריינדשאַפט עס איז צווישן זיי געווען.

אין דער זעלבער צייט, האָט מאַרקס צוגעקראָגן נאָך אַ גוטן חבר: זיין פרוי, זשעני, האָט אים געבאָרן אַ קינד און דער יונגער טאַטע איז געווען אויף דעם זיבעטן הימל.

אַן אינטערעסאַנטע זשורנאַליסטישע אַרבעט האָט מאַרקס אַנטוויקלט אַרום דער ראַדיקאַלער דייטשישער צייטונג „פאָרווערטס", וואָס איז אַרויס־געגאַנגען אין פּאַריז. אין דער צייטונג האָבן זיך באַטייליקט די בעסטע דייטשישע שריפטשטעלער, וועלכע זיינען געווען געצוואונגען צו עמיגרירן קיין פּאַריז. אָבער די צייטונג איז אויף אַ וואונק פון דער פּרייסישער רע־גירונג אָפּגעשטעלט געוואָרן אין 1845. די דעמאָלטדיקע פראַנצויזישע רע־גירונג האָט אויך געהאָלטן אָנגעשפּיצט אירע אויערן און האָט אויפגעפּאַסט אויף די רעוואָלוציאָנערע ווינטן, וואָס האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט. עס האָט נים לאַנג געדויערט און די רעגירונג האָט אַרויסגעטריבן מאַרקס׳ן פון פראַנקרייך. צוריק אין דייטשלאַנד איז געווען אַ סכנה אומצוקערן זיך.

ער האָט זיך דעריבער באַזעצט צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינד אין בריסל, אין דער הויפּט-שטאָט פון בעלגיען. דאָרט זיינען אויך געווען אַנדערע אַנטלאָפענע רעוואָלוציאָנערן פון דייטשלאַנד און אַלע האָבן זיך גרופּירט אַרום מאַרקס'ן. אין די דריי יאָר האָט מאַרקס אַוועקגעלייגט די הויפּט-פונדאַמענטן פון דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. דאָרט האָט ער אויסגעשמידט דעם געדאַנק, אַז די געשיכטע פון דער גאַנצער מענטשהייט איז די געשיכטע פון קלאַסן-קאַמף; אַ שטענדיקער געראַנגל צווישן שטאַרקע און שוואַכע, פאַרמעגלעכע און אָרימע, אַריסטאָקראַטן און איינפאַכע מענטשן. אין בריסל איז דעמאָלט אויך געווען אַ צענטער פון דייטשישע אַרבעטער, וואָס זיינען פאַרפאָלגט געוואָרן פון דער פּרייסישער רעגירונג פאַר זייער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט און האָבן געמוזט אַנטלויפן פון זייער היים. מאַרקס איז אָפט געקומען צו זייערע מיטינגען, אָרגאַניזירט זיי אין איין בונד, געהאַלטן פאַר זיי לעקציעס אויף פאַרשידענע וויסנשאַפטלעכע טעמעס און אויף אַזאַ אופן צוגעגרייט אַ גאַנצע רייע שפּעטערדיקע בויער פון דער דייטשישער, מעכטיקער אַרבעטער באַוועגונג.

ער האָט אויך דעמאָלט אָנגעשריבן זיין ווערק „די אָרימקייט פון דער פילאָזאָפיע". דאָס איז געווען אַן ענטפער אויף דעם בוך פון זיין גוטן פריינד, דער אַנאַרכיסט פּרודאָן, — „די פילאָזאָפיע פון דער אָרימקייט". מאַרקס האָט אָן רחמנות צעפּאַלמעסט דאָס בוך ניט קוקנדיק וואָס דער שרייבער איז זיינער אַ נאָענטער פריינד. דאָס איז געווען איינער פון מאַרקס'עס כאַראַקטערשטריכן. אין אַזעלכע פאַלן האָט ער קיינעם ניט געשוינט, אַפילו זיין בעסטן פריינד. פּרודאָן אָבער איז פון דעמאָלט אָן אים געבליבן אַ שונא אויפ'ן גאַנצן לעבן.

דאָס וויכטיקסטע ווערק אָבער, וואָס מאַרקס האָט אין יענער צייט אָנגעשריבן, מיט דער הילף פון פרידריך ענגעלס, איז געווען דער באַוואוסטער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט". דאָס איז געווען, ווי אַ דעקלאַראַציע צו די אַרבייטער פון דער גאַנצער וועלט וועגן די צילן פון די קאָמוניסטן, ווי די סאָציאַליסטן האָבן זיך דעמאָלט גערופן. זי האָט אָפּגעלייקנט אַלע בלבולים און אויסגעטראַכטע מעשות, וואָס די שונאים פון דעם אַרבעטערקלאַס האָבן פאַרשפּרייט וועגן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און זייערע פירער. ניט נאָר אין פאַרוואָרפענע דערפער, נאָר אַפילו אין די גרויסע שטעט פון אייראָפּע, זיינען אין יענער צייט אַרומגעגאַנגען די ווילדסטע אויסטראַכטונגען וועגן דעם, וואָס די קאָמוניסטן ווילן און וואָס זיי זיינען.

און ניט נאָר צווישן דעם פּראָסטן באַלעבאַטישן עולם, נאָר אפילו צווישן די „הויכע פענסטער" זיינען צירקולירט געוואָרן אויסטערלישע זאַכן וועגן די רעוואָלוציאָנערן. אַזוי האָט דער פירשט מעטערניך, דער פּרעמיער־מיניסטער פון עסטרייך אין יענער צייט, אָנגערופן די קאָמוניסטן „גאָט'ס לעסטערער און בלוט־דורשטיקע משוגעים, וואָס האָבן פאַרלאָרן דעם לעצטן מענטשלאַכן פונק". צווישן פאָלק זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז די קאָמוניסטן רייסן אויף קלויסטערס און באַן־בריקן, פאַר'סמ'ען די וואַסערן, וואָס מען דאַרף טרינקען. אין אַנדערע ערטער האָט מען אפילו געגלויבט, אַז זיי זיינען מענטשן־פרעסער. אַזעלכע באַשולדיקונגען, ווי דאָס צעברעכן פון פאַמיליעס, דאָס ווילן אָפּנעמען־דאָס געלט פון די רייכע און דאָס גלייכן, זיינען געוועזן פון די אומשולדיקסטע זאַכן.

מאַרקס האָט מיט דער הילף פון פרידריך ענגעלס געגעבן דערקלערט, ווער די קאָמוניסטן זיינען, וואָס זיי ווילן, וועלכע מיטלען זיי נעמען אָן צו דער־גרייכן זייערע צילן און ווען דער אַרבעטער־קלאַס וועט קאָנען איבערנעמען די הערשאַפט איבער דער וועלט און אָפּשאַפן די פאַרשידענע קלאַסן. אַט דער מאַניפעסט איז פאַרגעלעזן געוואָרן אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער קאָנגרעס אין לאָנדאָן. ער איז אָנגענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג פון אַלע דעלעגאַטן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצודרוקן אים אויף דייטש, פראַנצויזיש און ענגליש. (אין דער איצטיקער צייט איז דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט שוין איבערזעצט כמעט אין אַלע שפּראַכן פון דער וועלט און אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען קוקן אויף דעם ווערק ווי אויף דער ביבל פון סאָציאַליזם). גראָד איז אַזוי אויסגעקומען, אַז דער מאַניפעסט איז אַרויס פון דרוק אין פּאַריז אין דעם זעלבן טאָג, ווען די פראַנצויזישע אַרבעטער זיינען אַרויס אין קאַמף קעגן זייערע אונטערדריקער, אין פעברואַר, 1848.

## די רעוואָלוציע פון 1848

דערווייל האָט די פּרייסישע רעגירונג געאַרבעט מעשים, אַז אויך בעלגיע זאָל אַרויסטרייבן דעם געפערלאַכן מאַרקס'ן. אין פּרייסן גופא האָט עס געהאַלטן ערב אַן אויפשטאַנד און די רעגירונג האָט אין פאַרצווייפלונג אַרעסטירט יעדן איינציקן אויף וועמען עס איז געפאַלן וועלכער עס איז פאַרדאַכט, אַז ער איז קעגן דער רעגירונג. מאַרקס איז געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן בעלגיע, אָבער איצט האָט ער געהאַט אַ פּלאַץ אויף וועלכן מען

האָט אויף אים געוואַרט. די פּאַריזער רעוואָלוציאָנערן האָבן אויף אים אויסגעקוקט די אויגן. ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט פרייד פון זיינע פריינט, וועלכע האָבן אויף אים דאָרט געוואַרט. צוזאַמען האָבן זיי גענומען מאַכן פּלענער ווי אַזוי צו העלפן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין דייטשלאַנד. דאָ, אָבער, איז מאַרקס געווען געצוואונגען איבערצורייסן מיט אייניקע פון זיינע בעסטע פריינט. צווישן זיי זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געפּלאַנעוועט פאַרשידענע אַוואַנטורעס און האָבן געוואָלט צוזאַמענשטעלן אַן אַרמיי פון דייטשישע רעוואָלוציאָנערן אין פּאַריז, וואָס זאָל זיך אַריינרייסן אין דייטשלאַנד און אויפהייבן דאָרט די פאָן פון דער רעוואָלוציע. מאַרקס האָט פאַרשטאַנען, אַז די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד טאָר ניט אַרויסגערופן ווערן פון פרעמדע, נאָר מוז קומען פון די אַרבעטער אין דייטשלאַנד גופא. ער האָט אָפּגעלאַכט פון אַזעלכע פאַנטאַסטישע פּלענער און האָט זיי געוואָרנט, אַז מיט דעם וועלן זיי שטאַרקן די הענט פון דער פרייסישער רעגירונג, וואָס וועט קאָנען אָנווייזן, אַז די רעוואָלוציע ווערט פאַבריצירט פון דייטשלאַנד׳ס שונאים. זיינע קעגנער אָבער, האָבן ניט געקאָנט פאַרשטיין מאַרקס׳עס מאָטיוון. זיי האָבן גערעכנט, אַז דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס מאַרקס איז אַ שרעקעוודיקער און האָט מורא פאַר אַן אָפענעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף. עס האָט זיך אָבער אין גיכן אַרויסגעוויזן, אַז גערעכט איז געווען מאַרקס און ניט יענע פאַנטאַזיאָרן. ווען זייער קליינע רעוואָלוציאָנערע אַרמיי האָט זיך אַריינגעריסן אין באַדן, האָט זי דאָרט געליטן אַ גרויסע מפּלה צוליב דעם, וואָס אין לאַנד גופא זיינען נאָך ניט געווען פולשטענדיק אָרגאַניזירט די רעוואָלוציאָנערע כחות. אין עטלאַכע חדשים שפּעטער, ווען די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן אין דייטשלאַנד, זיינען שוין ניט געווען נייטיק קיין אויסגעוויינקסטע רעוואָלוציאָנערע אַרמייען. די רעוואָלוציע האָט דעמאָלט געפלאַקערט אין בערלין און אין אַנדערע גרויסע שטעט אין דייטשלאַנד. פיל אימיגראַנטן־רעוואָלוציאָנערן פון פראַנקרייך און אַנדערע לענדער זיינען אַראָפּגעקומען אַהין צו נעמען אַן אַנטייל אין די געשעהענישן. צווישן זיי איז אויך געווען מאַרקס. ער האָט זיך באַזעצט אין דעם רהיין־געגנט און גענומען אַרויסגעבן די „נייע רהיינישע צייטונג“, וואָס איז געוואָרן דער הויפּט־אָרגאַן פון די ראַדיקאַלע כחות אין דייטשלאַנד. ווידער האָט דאָ מאַרקס אַרויסגעוויזן זיין טיפן פאַרשטאַנד אין פּאָליטישע ענינים; ווידער האָט דאָ מאַרקס אַרויסגעוויזן זיינע גרויסע זשורנאַליסטישע פעאיקייטן, וואָס האָבן געצויגן אויף זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט.

די קרעפטן פון דער רעוואָלוציע האָבן זיך אָבער גיך אויסגעשעפט. די מיטל־קלאַסן, וואָס האָבן מורא געהאַט, אַז די אַרבעטער זאָלן ניט פאַרכאַפּן צופיל מאַכט, האָבן זיך פון שרעק צוריקגעצויגן. די רעגירונג האָט, דורך פאַרשידענע שפּיצלאַך און צוזאָגונגען, פאַרדרייט דעם פאָלק די קאָפּ און האָט זיך גלייך גענומען אָפּרעכענען מיט אַלע די, וואָס זיינען איר געשטאַנען אין וועג. עס פאַרשטייט זיך, אַז מאַרקס איז געווען פון די ערשטע אויף וועמען איר פויסט האָט זיך אויפגעהויבן. מ'האָט אים אָנגעקלאָגט אין געריכט פאַר פאַרראַט. די רעגירונג האָט אָבער געמאַכט אַ גרויסן טעות. מאַרקס איז פאַר איר געווען אַ האַרטע נוס, אַז זי זאָל אים קאָנען איינבייסן. אַ רואיקער און אַ זיכערער, איז ער געקומען אין געריכט אין קיין אַדוואָקאַט האָט ער זיך ניט געניטיקט. ער האָט זיך אַליין פאַרטיידיקט און ניט נאָר פאַרטיידיקט: — ער האָט דערוויזן פאַר די ריכטער, אַז דאָס, וואָס ער האָט געטאָן איז דער חוב פון יעדן ערלאַכן מענטשן צו טאָן. מיט אַן אייזערנער לאָגיק האָט ער אַנטוויקלט פאַר די געשוואָרענע ריכטער דעם היסטאָרישן גאַנג פון די פּאַסירונגען. עס האָט ניט אויסגעזען ווי מאַרקס זאָל זיין אַן אָנגעקלאָגטער און די, וועלכע זיצן ביי דעם גרינעם טיש, זאָלן זיין זיינע ריכטער. גיכער האָט ער אויסגעזען ווי אַ פּראָפעסאָר, וואָס האַלט לעקציעס פאַר זיינע סטודענטן, וועלכע הערן זיך צו צו אים מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. די פּרייסישע רעגירונג האָט מיט דעם משפּט גאָרנישט געוואונען. פאַרקערט, זי האָט געגעבן קאַרל מאַרקס'ן אַ געלעגנהייט צו אַנטוויקלען זיינע אַנשויאונגען פאַר אַזעלכע מענטשן, וואָס וואָלטן אין קיין פאַל ניט געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט זיי. דאָס געריכט האָט אים, נאַטירלאַך, פריינעשפּראָכן, אָבער די פּרייסישע רעגירונג האָט זיך אויסגעלאַכט פון געריכט, פאַרמאַכט די ציטונג, און אַרויסגעשיקט מאַרקס'ן פון לאַנד.

נאָך אַ שטריך אין מאַרקס'עס כאַראַקטער: די „נייע רהיינישע ציטונג" איז געווען געצוואונגען צו באַנקראָטירן. אייניקע פון די, וועלכע האָבן איר פריער געשטיצט מיט געלט, האָבן זיך צוריקגעצויגן אַזוי שנעל, ווי זיי האָבן געזען, ווי די פּרייסישע רעגירונג רעכנט זיך אָפּ מיט די רעשטלאַך רעוואָ־לוציאָנערן. ביי אַזאַ לאַגע האָט מאַרקס געהאַט אַ געלעגנהייט ניט צו באַצאָלן די חובות. אָבער, ניין, ניט אַזעלכער איז מאַרקס געווען. אמת, ער האָט ניט געהאַט קיין געלט, אָבער ווערטפולע זאַכן האָט ער נאָך יאָ געהאַט.

האָט ער אַ סך פון זיי פאַרקויפט, פאַר׳משכנ׳ט און באַצאָלט ביז איין פעניג די חובות פון דער צייטונג, פאַר וועלכע ער איז פּריוואַט ניט געווען פאַראַנטוואָרטלאַך.

## אין הונגער און נויט

קאַרל מאַרקס איז געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד אין גרויס אייליגקייט. ער האָט דאָרט איבערגעלאָזט זיין פרוי מיט די דריי קינדערלאַך און איז אַוועק צוריק קיין פּאַריז. דאָרט איז שוין אויך די רעוואָלוציע געגאַנגען באַרג אַראָפּ און אַ קורצע צייט נאָך דעם, ווי ער האָט אַהין אַריבערגעבראַכט זיין פאַמיליע, האָט אים די פראַנצויזישע רעגירונג פאַראורטיילט צו פאַרלאָזן פראַנקרייך אין פאַרלויף פון פיר-און-צוואַנציק שעה. זשעני, זיין פרוי, האָט דעמאָלט געשוואַנגערט מיט איר פערט קינד, אָבער נאַפּאָלעאָן דעם דריטנס רעאַקציאָנערע רעגירונג האָט זיך מיט דעם ניט גערעכנט. מאַרקס האָט ווידער געמוזט אַנטלויפן אויף אַ שיף מיט זיין פאַמיליע קיין ענגלאַנד און זיי זיינען אָנגעקומען אין לאָנדאָן אין דעם זומער פון 1849.

אין אָנהייב האָט נאָך מאַרקס געהאַט אַ ביסל געלט פון זיינע פאַרקויפטע זאַכן און האָט געדונגען אַ שיינע און באַקוועמע דירה פאַר זיין פאַמיליע. אָבער דאָס ביסל געלט איז שנעל אויסגעגעבן געוואָרן און מאַרקס איז געבליבן ווידער אָן אַ פעני, אין דער גרויסער וועלט-שטאָט. אָן פריינט, אָן מיטלען פון וואַנען צו פאַרדינען, איז די מאַרקס פאַמיליע אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ שרעקלאַכן צושטאַנד פון נויט. פון זיין שרייבערישער אַרבעט האָט ער ווייניק וואָס געקאָנט פאַרדינען. די אַרבעטער-צייטונגען האָבן געדאַרפט שווער קעמפן פאַר זייער עקזיסטענץ און זעלטן ווען געקאָנט באַצאָלן זייערע שרייבער. רייכע צייטונגען האָבן זיך ניט געקענט באַנוצן מיט אַזאַ אויסגעצייכנטן שרייבער צוליב זיינע רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען. פאַר זיינע לעקציעס, וואָס ער האָט געלייענט אויף די אַרבעטער מיטינגען, האָט ער קיין געלט ניט געוואָלט נעמען. איז טאַקע אויסגעקומען מאַרקס׳ן אין יענער צייט דורכצולעבן הונגער, נויט און פאַרשידענע קראַנקהייטן פון זיינע קינדער. פון דער שיינער דירה האָט מען אים אַרויסגעוואָרפן. מ׳האָט אַרויסגעשטעלט זיינע זאַכן אויף דער גאַס דערפאַר, ווייל ער האָט ניט גע-האַט צו באַצאָלן קיין דירה-געלט. עטלאַכע שעה האָט זיך זשעני מאַרקס מיט די קינדער געוואַלגערט אויף דער גאַס ביז איר מאַן האָט געפונען צוויי



זשעני פאָן־וועסטפאַלען (קאַרל מאַרקס'עס פרוי)

צימערלאך אין איינעם פון די אָרימסטע געגנדן אין לאָנדאָן. ווען מאַרקס וואָלט ניט געווען אַזוי שטאָלץ, וואָלט ער געווים געקאָנט קריגן ביי זיינע פאַרשידענע פריינד צו לייען אַ געוויסע סומע אום איבערצוקומען די שלעכטע צייט. ער איז אָבער אויף דעם פונקט געווען קראַנקהאַפט. ער האָט זיך געשעמט אימיצן צו בעטן, אַז ער זאָל פאַר אים עפּעס טאָן. ער, וואָס האָט אַזוי פיל געהאַסט עקספּלואַטאַציע און דאָס, וואָס איינער לעבט אויפ'ן חשבון פון דעם צווייטן, האָט בשום אופן ניט געקאָנט פועל'ן ביי זיך, אַז ער זאָל פון אימיצן נעמען געלט גלאַט אַזוי זיך. ער האָט זיך געשעמט מיט זיין אָרימקייט און אפילו פאַר אַ סך פון זיינע נאָענטע פריינד איז דאָס געווען אַ סוד.

מ'דערציילט, אַז ווען איינער פון זיינע פריינד האָט זיך דערוואוסט פון זיין שלעכטן צושטאַנד, האָט ער אים אריינגעשיקט אין אַ בריף צוויי פונט שטערלינג (אַן ערך פון צוואַנציק טאָלער). דער פריינד האָט אויף דעם בריף ניט אָנגעגעבן זיין נאָמען און ניט זיין אדרעס, כדי מאַרקס זאָל מוזן האַלטן דאָס געלט, ווייל ער וועט ניט וויסן וועמען דאָס אָפּצושיקן. אָבער מאַרקס האָט דאָס געלט דאָך ניט אָנגענומען. ער האָט געוואוסט אַז איינער פון זיינע חברים, אַן אַרבעטער, איז קראַנק און אַז זיין פרוי געפינט זיך אָן שום מיטלען צום לעבן. ער האָט ביי זיך באַשלאָסן, אַז יענער חבר נייטיקט זיך פיל מער אין דעם געלט, ווי ער און האָט אים אָוועקגעטראָגן דאָס געלט. אין יענער יאָרן זיינען ביי אים געווען אַזעלכע ־ציַיטן, ווען ער האָט גאַנצע טעג געפאַסט, אָבער ער האָט געזען מיט אַלע כחות, אַז זיינע קינדער זאָלן האָבן פון צייט צו צייט אַביסל מילך.

זיין פרוי זשעני האָט געהאַט זייער פיל צירונג, וואָס איר פאָטער האָט איר געשאָנקען צו דער חתונה. זי האָט זיך זייער ניט געוואָלט שיידן מיט דעם. געוויסע זאַכן האָט זי געוואָלט האַלטן אַלס אָנדענק פון די פאַרשידענע מיטגלידער פון איר פאַמיליע, אָבער נויט ברעכט אייזן. ביסלאַכווייז האָט זשעני פאַרקויפט איר צירונג כדי צו האָבן פאַר די קינדער אַביסל עסן. זי האָט אויך שטילערהייט, אָן מאַרקס'ס וויסן, עטלאַכע מאָל גע־באָרגט געלט פון זיין פריינד. מאַרקס אַליין האָט געליען געלט אין פאַר־שידענע לאָמבאַרדן און געצאָלט זייער הויכע פּראָצענטן: צוואַנציק, דריי־סיק און אפילו פופציק פּראָצענט.

אין די יאָרן פון גרויס אָרימקייט זיינען געבאָרן געוואָרן ביי אים אין לאָנדאָן נאָך דריי קינדערלאך. קיין געלט צו קויפן אַ וויג פאַר איי־

נעם פון די עופה'לאך האָבן זיי ניט געהאַט, פלעגט מאַרקס אַרומטראָגן דאָס קינד און וויגן עס אויף זיינע אָרעמס. צוויי פון די קינדערלאך זיינען געשטאָרבן פון הונגער און קעלט. אין איין פאַל, האָבן זיי ניט געהאַט קיין געלט פאַר אַ אָרון (טרונע) און אַ נאָענטער פריינד האָט דאָס פאַר זיי געדאַרפט קויפן.

מאַרקס האָט געפּרובט געפינען וועלכע עס איז באַשעפטיגונג, אָבער עס איז אים ניט געגאַנגען. איין מאָל איז ער שוין געווען זיכער, אַז ער קריגט אַ שטעלע אַלס אָנגעשטעלטער אין אַ ביוראָ, אָבער ווי נאָר ער האָט אָנגעשריבן עטלאַכע רעכענונגען, האָט מען אים אָפּגעזאָגט צוליב זיין שלעכטער האַנטשריפט. ער האָט זיך שוין געזאָלט נעמען צו האַנדלען מיט עפּעס. ער האָט זיך אָבער באַלד דערפון אָפּגעזאָגט צוליב זיין פרוי, וואָס האָט בכלל געהאַט אַ שטאַרקן ווידערווילן צו האַנדלען.

אין איין שיינעם אָוונט פון יענע ביטערע ציימן, איז מאַרקס אַרעסטירט געוואָרן. מען האָט אים חושד געווען, אַז ער האַנדלט מיט גע'גנב'עטע סחורה. פאָרגעקומען איז דאָס, ווען ער איז געקומען פאַר'משכנ'ען אַ טייל פון דעם זילבערוואַרג, וואָס זיין פרוי האָט גע'ירשנ'ט פון איר אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע. אויף דעם זילבערוואַרג איז געווען אויסגראַווירט דער הערב פון די שאָטלענדישע פירשטן, פון וועלכע איר פאַמיליע האָט אַרויסגעשטאַמט. דעם באַלעבאָס פון דעם לאָמבאַרד איז אויסגעקומען זייער מאָדנע, וואָס אַזאַ אָרעם-געקליידעטער מאַן קומט צו אים אין אָוונט, אַרומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן, מיט אַזאַ זילבערוואַרג. ער האָט אַרויסגערופן די פּאָליציי און יענע האָט זיך גלייך גענומען צו מאַרקס'ן. די פּאָליציי איז געווען זיכער, אַז זיי האָבן דאָ געפּאַקט אַ וויכטיקן גנב. עס פאַרשטייט זיך, אַז אין עטלאַכע שעה אַרום, האָבן זיי זיך דערוואוסט ווער אַט דער סאָרט „גנב" איז. זי, די פּאָליציי, האָט זיך אַרומגעזען, אַז דאָס איז דער מאַן פאַר וועלכן עס ציטערן די מעכטיקסטע אין אייראָפּע. און ווער ווייס, אפשר האָבן זיי זיך געפרייט ביי זיך אין האַרצן, וואָס אַט דער געפערלאַכער מאַן, געפינט זיך אין אַזאַ נויט, אַז ער דאַרף פאַר'משכנ'ען די טייערע זאַכן, וואָס זיין פרוי האָט געקראָגן צום אָנדענק.

אין יענע ציימן, האָט קאַרל מאַרקס אָנגעהויבן צו אַרבעטן אויף זיין גרעסט ווערק, „קאַפּיטאַל". ער פלעגט אָפּזיצן אין דעם בריטישן מוזעאום ביי דער אַרבעט פופצן, זעכצן שעה אין טאָג און אָפט מאָל נאָך מערער. אין גאַנצן האָט ער געאַרבעט אויף דעם ווערק 17 יאָר. ער האָט איין מאָל

אויסגערעכנט, אז די ביליקע ציגארן, וואס ער האט געראוכערט בשעת דער ארבעט, האבן אים מער אפגעקאסט, ווי דאס געלט, וואס ער האט דערנאכ־דעם באקומען, ווען דער ערשטער באנד איז דערשינען. מארקס איז טאקע געווען א ליידנשאפטלאכער רויכערער. ניט איין מאל האבן אים די דאק־טוירים אנגעזאגט, אז די ציגארן נעמען ביי אים צו א האלב לעבן. ער האט זיך אבער בשום אופן ניט געקאנט דערפון אפגעוואוינען. עס איז געווען זיין גרעסטער פארגעניגען ווען ער האט אמאל באקומען פון א פריינד א פעקל בעסערע ציגארן. ער האט זיך מיט זיי געפרייט ווי א קליין קינד, וואס קריגט א נייע שפילצייג.

אין די אויסערגעוויינלאכע שווערע יארן וואס מארקס האט געהאט די ערשטע צייט אין לאנדאן, איז מארקס געשלאפן וויייניק, א סך מאל, נאר דריי שעה אין א נאכט. פון וואנען האבן זיך גענומען צו אים אזעלכע כחות אויסצוהאלטן אזא שווערע, אנגעשטרענגטע ארבעט?

עס איז אויך אומפארשטענדלאך ווי אזוי גראד אין די ביטערסטע צייטן, וואס ער האט דורכגעלעבט, ווען נויט און הונגער האבן ניט אפגעטראטן פון זיין הויז־שוועל, האבן זיינע שונאים פארשפרייט קלאנגען, אז מארקס לעבט אין וואוילטאג און באדט זיך אין לוקסוס. מארקס האט, פארשטייט זיך, אויף אזעלכע אטאקעס גארניט געענטפערט. עס איז אים געווארן א ביסל גרינגער, ווען ער איז אנגעשטעלט געווארן צו זיין דער לאנדאנער קארעספאנדענט פון דער צייטונג: „ניו יארק טריביון" פאר דעם געהאלט פון 5 דאלאר א וואך. די „ניו יארק טריביון" איז אין יענער צייט ארויס־געגעבן געווארן פון האראס גרילי, דער באוואוסטער אבאליציאניסט און ראדיקאל. פון צייט צו צייט האבן פרידריך ענגעלס, ווי אויך זיין פריינט, פערדינאנד לאסאל, מיט וועלכן ער איז געשטאנען אין אפטער קארעספאנ־דענץ, געשטיצט אים מיט גרעסערע סומעס. דאס געלט פלעגן זיי צושיקן צו מאדאם מארקס, ווייל זיי האבן מורא געהאט, אז זייער פריינט קארל וועט דאס ניט וועלן אננעמען. עס האט אויסגעוויזן, אז מארקס'ס לאגע איז א היבש ביסל בעסער געווארן, אבער אזוי שנעל ווי אין אמעריקע האט אויס־געבראכן די בירגער־קריג איבער דער אפשאפונג פון שקלאפעריי, איז מארקס ווידער געבליבן אן א שטענדיקער הכנסה. זיינע קארעספאנדענצן אין ניו־יארק האבן געמוזט אפגעשטעלט ווערן.

## דער אינטערנאַציאָנאַל און מאַרקס׳ס לעצטע יאָרן

אין 1864, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן אין לאָנדאָן דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל, איז מאַרקס באַלד געוואָרן זיין הויפּט פירער און וואָרט־זאָגער. דער ציל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע איז געווען צו פאַראייניקן אַלע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער פון דער וועלט אין איין קאַמפּס־אָרגאַן. ביז דעמאָלט האָבן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס אין די פאַרשידענע לענדער נים געהאַט קיין שטענדיקע פאַרבינדונג צווישן זיך. די רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען אין די פאַרשידענע לענדער האָבן זעלטן געקראָגן אַן אָפּקלאַנג אין אַ צווייט לאַנד. דער אַטעם אָבער, וואָס מאַרקס האָט אַריינגעבלאָזן אין דעם אינטערנאַציאָנאַל, האָט זיך גלייך געלאָזט פילן. די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אין פאַרשידענע לענדער האָבן זיך גענומען אָפּרופן אויף דער פאַריאָכונג פון אירלאַנד דורך דער ענגלישער רעגירונג, אויף דער אונטערדריקונג פון דעם פוילישן אויפשטאַנד, דורך דעם צאַרישן, אייזערנעם פויסט, א. ד. ג. אַזוי האָט אויך דער אינטערנאַציאָנאַל, אויף מאַרקס׳ס פאַרלאַנג, זיך אָפּגערופן אויף דער בירגער־קריג אין אַמעריקע און האָט געשיקט אַ באַגריסונג צו אייבראַהאַם לינקאָלן, ווען ער איז ווידער דער־ווילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. פאַרשטייט זיך, אַז מאַרקס אַליין האָט אָנגעשריבן די באַגריסונג.

צוליב זיין טעטיקייט אין דעם אינטערנאַציאָנאַל, האָט זיך מאַרקס פאַר־שאַפט אַ היבש ביסל שונאים, נים נאָר ביי די רעגירונגען פון אייראָפּע, וואָס האָבן אים פיינט געהאַט ווי דעם טויט, נאָר אויך ביי די אַנאַרכיסטישע עלעמענטן פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. עס איז אים אויסגעקומען צו פירן אַ שטענדיקע מלחמה מיט די פּלענער פון באַקונין׳ען און מאַדזיני, וואָס האָבן געוואָלט ריכטן דעם אינטערנאַציאָנאַל אויף זייערע אַוואַנטוריסטישע וועגן. ניין יאָר איז ער אַזוי געשטאַנען אין דער ערשטער רייע פון דעם אינטער־נאַציאָנאַל ביז וואַנען דער גענעראַל־ראַט פון דער אָרגאַניזאַציע איז טראַנס־פעריר׳ט געוואָרן פון לאָנדאָן קיין ניו יאָרק. עס איז כמעט ווי זיכער, אַז דער פאַקט, וואָס מאַרקס איז געווען ווייט פון דעם גענעראַל־ראַט האָט אויך נים ווייניק ביינעטראָגן, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל זאָל זיך אין גיכן צופאַלן. אומזיסט אָבער, האָבן זיך די שונאים פון אַרבעטער קלאַס געפרייט מיט דעם אונטערגאַנג פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. פאַר דער צייט האָבן זיך די אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס אין די פאַרשידענע לענדער פאַרגרעסערט און פאַרפעסטיקט.

אין דייטשלאנד האבן ליבקנעכט און בעבעל דערטראגן מארקס'ס פאן פון סאציאליזם ביז אין פארלאמענט. אין ענגלאנד, וואו מארקס האט געהאט א דירעקטן איינפלוס אויף די ארבעטער ארגאניזאציעס, האט זיך דער רעוואלוציאנערער געפיל ביי די ארבעטער באדייטענד פארשטארקט. אין בעלגיען און אין פראנקרייך, אין עסטרייך און אין איטאליע, האבן זיך געגרינדעט סאציאליסטישע פארטייען, וואס האבן אנגענומען קארל מארקס'עס לערע און געפירט זייער קאמף אין איינקלאנג מיט אירע אויספירונגען.

אין מארקס'ס פערזענלאכן לעבן אבער, זיינען קיינע פארבעסערונגען נית פארגעקומען. פארקערט, זיינע צרות האבן זיך אנגעהויבן צו פארגרעסערן. זיין אנגעשטרענגטע שווערע ארבעט האט סוף כל סוף אים איינגעבראכן. ער האט אנגעהויבן צו ליידן אויף פארשידענע קראנקהייטן. עס זיינען געווען צייטן, ווען ער האט לאנגע מאנאטן געמוזט ליגן צו בעט אין שרעקלאכע יסורים. אזוי שנעל אבער, ווי ער האט זיך נאר דערפילט אביסל בעסער, האט ער זיך צוריק גענומען צו זיין שווערער ארבעט אויף זיין ווערק, „דאס קאפּיטאל".

מ'דערציילט, אז ווען ער פלעגט יעדן טאג גיין אין דעם בריטישן מוזעאום אפצוזיצן דארט זיינע 17-18 שעה אויף זיין ארבעט, פלעגן אים שוין קינדערלאך פון גאס אפווארטן אויפ'ן וועג, בעטן ביי אים פעניס און שפילן זיך מיט אים ווי מיט זייערס א גלייכן. מערסטנטייל זיינען דאס געווען ארימע קינדער. זיי זיינען געווען זייער דאנקבאר דעם אומבאקאנטן פעטער, וואס קוקט אויף זיי מיט אזעלכע ליבע אויגן און זאגט זיי קיין מאל נית אפּ ווען זיי בעטן ביי אים א פעני. עס איז זיי גארנית איינגעפאלן, אז אט דער פעטער מיט דער ברייטער בארד איז מיט זיין גאנצן לעבן אריינגעטאן אין דעם קאמף, ווי אזוי צו מאכן גליקלאך א ל ע מענטשן-קינדער. מארקס'ס צוגעבונדנקייט און ליבשאפט צו קינדער האט זיך נאך שטארקער אנטוויקלט אין זיינע עלטערע יארן. די לעבעדיקע, שפאסיקע און צאפלדיקע קינדערלאך זיינען ביי אים געווען א קאנטראסט צו די ערנסטע שעה'ן, ווען ער האט זיך געוויילט אין דעם שטויב פון אלטע ביכער אין דעם בריטישן מוזעאום.

און דאך זיינען געווען מענטשן, וואס האבן געקוקט אויף מארקס'ן ווי אויף א טרוקענער, אומאינטערעסאנטער נאטור. אנדערע אפילו, האבן אים באטראכט פאר א טיראנישן און כבוד-גייציקן מענטשן, וואס וויל שטענדיק דורכפירן זיינס. ווי ווייניק זיי האבן דאס אים פארשטאנען!

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן זיך זיינע קראַנקהייטן פאַרמערט. ער איז געפאָרן עטלאַכע מאָל אין די קור־ערטער פון דייטשלאַנד און עסטרייך, פון וואַנען ער פלעגט צוריקקומען אַ ביסל אַן אָפּגעפרישטער און אַ געזינטער־רער. אָבער צום סוף האָבן זיך די רעגירונגען פון יענע לענדער געכאַפּט, אַז אַזאַ זינדיקער מענטש, ווי קאַרל מאַרקס טאָר ניט באַטרעטן זייער „הייליקע" ערד. מען האָט אים אַהין מער ניט אַריינגעלאָזט.

דער בעכער פון זיינע צרות איז פול געוואָרן, ווען אין יאָר 1880 איז זיין געליבטע פרוי, זשעני, זייער ערנסט קראַנק געוואָרן אויף אַ ראַק. מאַרקס האָט זיך אין גאַנצן איבערגעגעבן צו זיין קראַנקער פרוי און האָט פאַר־לייכטערט, אויף וויפיל אַ מענטש איז נאָר אומשטאַנד, אירע יסורים. אין פאַרלויף פון לאַנגע חדשים, איז ער ניט אָפּגעטראָטן פון איר בעט. דורך אַ גאַנצע רייע נעכט, האָט ער ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג און האָט געוואַכט ביי זיין אומגליקלאַכער חבר'טע. מאַרקס איז ענדלאַך אין גאַנצן צוזאַמענ־געבראָכן געוואָרן. ער איז קראַנק געוואָרן אויף לונגען־אַנצינדונג און האָט זיך אַליין עטלאַכע וואָכן געראַנגלט מיט דעם טויט, אָבער אַזוי שנעל ווי ער איז נאָר געקומען אַ ביסל צו די כחות, האָט ער זיך ווידער אָפּגעגעבן צו ראַטעווען זיין פרוי. אַלע זיינע באַמיאונגען אָבער, האָבן ניט געהאָלפן. נאָך עלף חדשים מאַטערן זיך, איז זשעני געשטאָרבן. מאַרקס איז מיט איין מאָל אין גאַנצן פאַרענדערט געוואָרן. ער האָט אויסגעקוקט ווי אַ פאַרלאָשענער וואולקאַן. מיט אַלע כחות האָט ער זיך אָנגעשטרענגט צו פאַרענדיקן דאָס דריטע בוך „קאַפּיטאַל", וואָס ער האָט באַשלאָסן צו ווידמענען צו דעם אָנ־דענק פון זיין טייערער פרוי. ער איז אַוועקגעפאָרן אין אַלזשיר, וואו די דאָקטוירים האָבן גערעכנט, אַז דער קלימאַט וועט אויף אים ווירקן צו גוטן. און עס האָט טאַקע אויסגעזען, אַז ער בעסערט זיך. אָבער קענטיק, אַז עס איז שוין ניט באַשערט געווען דעם אַמאָליקן ריזיקן דענקער צו קומען צו זיך. אַ שרעקלאַכע ידיעה האָט ער באַקומען פון לאָנדאָן. זיין עלטסטע טאָכטער, די, וועלכע האָט אים מיט איר אומבאַגרעניצטער טרייהייט פאַרביטן זיין פרוי, איז פּלוצלונג געפערלאַך קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן. דאָס איז געווען אויף זיין אַלטן קאָפּ דער לעצטער דונער־קנאַל, וואָס האָט אים צע־שמעטערט. ווי אַ שאָטן איז ער שוין אָפּגעפאָרן צוריק אין לאָנדאָן. ער האָט שוין מער גאָרניט געקענט טאָן. אַן אומבאַשטימטע קראַנקהייט האָט אים געהאַלטן געשמידט אין דער היים און אומזיסט זיינען געווען אַלע אָנשטרענ־גונגען פון די בעסטע דאָקטוירים אין לאָנדאָן צו דערהאַלטן אים ביים לעבן.

כמעט ווי אומבאַמערקעטרהייט איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן אויף אייביק, זיצנדיק אויף אַ שטול. ווען ענגעלס איז געקומען אויף דעם רוף פון מאַרקס'ס איינגערע טאָכטער, וואָס האָט דערזען, אַז דער סוף איז נאָענט, האָט ער נאָר געפונען אַ פאַרגליווערטן שמייכל אויף מאַרקס'ס טויטע ליפן.

דאָס האָט געטראָפן דעם 14טן מערץ אין 1883.

---

שוין איבער פערציק יאָר, ווי ער רוט אין זיין אייביקן שלאָף. ער איז אָבער ניט טויט. ער לעבט פיל מער, ווי אַנדערע, וועלכע זיצן איצט אין פראַכטפולע פּאַלאַצן און געניסן פון דעם לעבן. ער איז איינגעמויערט אין די הערצער פון מיליאָנען קעמפּענדיקע אַרבעטער. זיין גייסט לעבט, זיין לערע שוועבט אין דער לופט. און ווען אין יאָרן שפּעטער וועט אין גאַנצן פאַרענדערט ווערן דער פּנים פון אונזער געזעלשאַפט, אַ נייע לעבן וועט אויפבליען און מענטשן וועלן לעבן ווי ברידער, וועלן די נעמען פון פיל, פיל גרויסע הערשער, איצטיקע קעניגן, פּרעזידענטן און גרויסע פינאַנסירן פאַרגעסן ווערן און קיין זכר וועט פון זיי ניט בלייבן. אָבער אייביק ווי אַ פעלז און וואָרים ווי די זון, וועט שטראַלן אין אַלעמענס הערצער דער נאָמען פון קאַרל מאַרקס.

